Hirschbein
Der intelligent

פּֿרץ הירשבּיין.

# דער אינטעליגענט

אַ דראַמאַ אין 3 אַקטען.

פֿערלאַג „יבנה“, װאַרשאַ.

פּרייז 25 קאָפּ.

װאַרשאַ, תרס"ז.
דרוק. נ. סטאַראָװאָלסקי, גענשאַ 18.

Деръ Интелигентъ,
Драма въ 3-хъ дѣйствiяхъ.
П. ГИРШБЕЙНА.

Тип. Н. Старовольскаго, Варшава, Гусья 18.
1907.

# די פּערזאָנען:

אפרים. אַ טעסליער, 50 יאָהר.

רחל. זײַן פֿרוי, 50 יאָהר.

| | | |
|---|---|---|
| נחום. 25 יאָהר | } | זײַערע קינדער. |
| אסתר. 21 יאָהר | | |

אריה. רחל'ס אַ ברודער, 45 יאָהר.

גאלדע. אַ נײַטערין.

יצחק. אַ קאָוואַל.

חיים.

שרה.

פּאליציאנט, דווארניק, מענשען.

דער ערשטער און דער דריטער אַקט קומען פֿאָר אין אַ אויעזדנע שטעדטיל. דער צווייטער אַקט קומט פֿאָר אין אַ גרויסע שטאָדט אין דער ליטא.

## ערשטער אקט.

### בײַ אפרים'ן אין דירה.

אַ הילצער'ן הויז אין עק שטאָדט. די סצענע בעשטעהט פֿון אַ שמאָל לאַנגען צימער מיט דריי פֿענסטער רעכטס. לינקס, בײַם טיהר אַ גרויסער באַק=אויווען. אַביסעל ווייטער אַ וואַנד=אויווען. צווישען די אויזוענס אַ טיהר אין אַ צווייטען קלענערען צימער. אויפ'ן מיט'ן שטוב שטעהט אויף אַ קליין בענקעלע אַ בעקערשע דייזשע. אַנטקעגען שטעהט אַ טיש מיט אַפּאָר בענקלאַך. נעבען די פֿענסטער אַ שלאָפֿבאַנק. נעבען טיהר רעכטס, שטעהט אַ שרענקיל און נעבען איהם אויף דער ערד שטעהט אָנגעשטעלטע טעפּלאַך, טעלער א. ד. ג. נעבען אויווען, אין ווינקעל, שטעהט אַ פּאָמילע צום אויווען, אַ קאָטשערע, א. ד. ג.

ענדע חשון. נאָך האלבער נאַכט.

אַ לאַנגע ווײַלע איז שטיל און פֿינסטער אויף דער סצענע. ס'פֿאַנגען זיך אָן הערען פֿון צווייטען צימער קרעכצען — דאָס ס'קריפּען פֿון אַ בעט און ווידער שטיל. ס'הערען זיך מידע טריט. רחל קומט אריין פֿון צימער, אין דער פֿינסטער איז איהר שווער צו מערקען. שטעהט אַ ווײַלע אין מיטען שטוב. גריבעלט זיך עפּעס אין טיש=קעסטעל, געפֿינט דאָרט שוועבעלאַך, צינדט איינס אָן און קוקט זיך ארום בײַם שיין. זי געהט אָנגעטאָהן אַנ'אַלט קליידעל און ניט קיין פֿערשפּילעט יאַקעלע. אויפ'ן קאָפּ אַ טיכעל. בײַם טיש זעהט זיך אסתר שלאָפֿט אָנגעשפּאַרט אויף די הענד.

(דאָס שוועבעלע פֿערלעשט זיך. זי צינדט אָן נאָך איינס, נעהמט אַראָב פֿון וואַנד דאָס לעמפּיל און צינדט עס אָן. רעדט צו זיך אַליין: „ניטאָ נאָך" „אַזוי שפּעט, נאָך ניטאָ" קוקט אַ ווײַלע אויף אסתּר׳ן און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. וואַשט די הענד. הוסט זיך שטאַרק פֿונאַנדער.)

אסתּר (ערוואַכט זיך). וואָס ביזטו מאַמע, אַזוי פֿריה אויפֿגעשטאַנען.

רחל. אַזוי שלאָפֿסטו עם די גאַנצע נאַכט? (קוקט זי אָן מוטערליך).

אסתּר. ווי שפּעט קען עס איצטער זײַן?

רחל. אַרום דרײַ נעווים.

אסתּר. אַ זײַגער צוועלף האָב איך געענדיגט די אַרבײַט און כ׳בין אַנדרעמעלט געוואָרען. כ׳האָב געמיינט אַז נחום וועט באַלד קומען, צום סוף... ביזט שוין, מאַמע, אויפֿגעשטאַנען קנעטען דעם ברויט?

רחל. יאָ, מײַן קינד. ס׳וועט ניט זײַן אויף מאָרגען וואָס צו פֿאַרקויפֿען. מען מוז באַלד אײַנהײַצען אין אויווען. (שווייגט אַ ווײַלע). גאָט צו דאַנקען, הײַנט דאָס גאַנצע ברויט פֿערקויפֿט געוואָרען. ווען כ׳וואָלט נאָך פֿאַר אַ יאָהרען געוועזען אָנגעהויבען באַקען; חאָטש ס׳איז ניט פֿאַר מײַנע כחות. (זי נעהמט אַראָב דעם צודעק פֿון דייזשע). מען קאָן שוין באַלד הײַצען אין אויווען, שוין אויפֿגעגאַנגען, פֿערקנעטען און גלײַך הײַצען.

אסתּר. אַ גרויסער גליק.

רחל. און וואָס, מײַן טאָכטער, האָסטו אַנ׳עצה, אַנ׳אַנדערע?

אסתּר. אַנ׳עצה... ווען דער טאַטע וואָלט פֿערדינט.

רחל. ווען כ׳וואָלט נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק אָנגעהויבען באַקען ברויט וואָלט אֶפּשר דער טאַטע ניט געבליבען אָהן הענד.

אסתּר. וואָלט ער ניט אַראָבגעפֿאַלען פֿון צווייטען שטאָק?

רחל. (זיפֿצט).

אסתּר. אויב דו ווילסט, מאַמע, וועל איך אַליין פֿערקנעטען דעם ברויט, גוט מאַמע?

רחל. עט; סײַ ווי בין איך שוין אויפֿגעשטאַנען, געה





לעג זיך ווי געהעריג איז — געה בעסער שלאָפֿען. (שאַרט אין אויווען מיט דער קאָטשערע). די אַנדערע נאַכט שוין בלײַבט זײַן אָרט לײדיג. (זיפֿצט).

אסתּר. ער איז נאָך ניט געקומען?

רחל. זעהסט דאָך.

אסתּר. איך בין געוועזען אַזוי מיד — ווי אַ שטיין בין איך געפֿאַלען. מיר האָט זיך פֿון שלאָף געדוכט, אַז נחום קלאַפּט אין טיהר.

רחל. אֶפּשר האָט ער געקלאַפּט און קיינער האָט ניט געהערט? נאָר דער טאַטע וואָלט דאָך הערען. מאַכט מיט אַנ׳אויג ניט צו די גאַנצע נאַכט. (שווייגט אַ ווײַלע). וואָס רעכענסטו, בײַ איהר זאָל ער אַזוי שפּעט זײַן?

אסתּר. כ׳ווייס ניט וואָס איהר פּלאַפּעלט — זי מיט׳ן טאַטען האָבען זיך אײַנגערעדט — „בײַ איהר" „בײַ איהר"? ער האָט קיין שום הויז ניט. (שטיל).

אפֿרים. (רעדט שוואַך פֿון צווייטען צימער). נחום איז נאָך ניטאָ?

רחל. ניטאָ.

אפֿרים. האַ — האַ — האַ...

רחל. אַז ס׳איז קײַן מזל ניטאָ איז נאָך אַלעמען.

אפֿרים. וואָס האָט עס צו מזל? אַז דאָס איז קײַן מענש ניט.

אסתּר. וואָס איז ער עס קײַן מענש ניט?

רחל. אַלע אין שטאָדט זענען מיר נאָך מקנא.

אפֿרים. אַ בחור פֿון פֿינף און צוואַנציג יאָהר — און דאָס הענגט בײַ קראַנקע טאַטע מאַמע אויפֿ׳ן האַלז.

רחל. (לעגט האָלץ אין אויווען אַרײַן, זיפֿצט).

אפֿרים. אײַערע „מענשען"... געלערענט, געלערמערט, געלערמערט... און קײַן קאָפּיקע אַפֿילו קאָן עס ניט פֿערדינען.

רחל. אַז ווען ער וואָלט נאָר וועלען... ס׳איז קײַן מזל ניטאָ. (פֿאָרעט זיך בײַם אויווען).

אפֿרים. „אַ מלאכה איז מלוכה" האָב איך אײַך איין מאָל געזאָגט. ווען ער וואָלט געוועזען אַ בעל מלאכה, ניט אַ פֿיטש

מיטש—א ליידיג־געהער—וואס וואלט איהם איצטער געפעהלט, וואס?

אסתר. דו ביזט דאך אויך א „בעל מלאכה“?

אפרים (בייז). איהר הערט אביסעל? איך בין דאך אויך א „בעל מלאכה“... וואס וואלט מיר פעהלען איך זאל האבען ביידע הענד? איך זאל זיין געזונד... איך האב דאך אייך אויסגעהאדעוועט... איך בין געגאנגען אפשר בעטלען פאר אייך—וואס? קיין מאל האט קיין ברויט ניט געפעהלט אין שטוב.

רחל. ס'איז פארהאן מלאכות, און עס איז פארהאן מלאכות.

אפרים. כ'מיין. ווער הייסט איהם ער זאל זיין א טעסליער? ס'פעהלט מלאכות, וואס? א זייגערמייסטער, למשל; וואס פעהלט א זייגערמייסטער? א ריינע און א גרינגע מלאכה—וואס נאך?

רחל (קניעט). אודאי, אודאי...

אסתר. ווען ער וואלט די גימנאזיע.

רחל. אז ס'איז ניטא קיין מזל.

אפרים. א פערדישקייט! זיי חזר'ען עס נאך איבער. א טעסליערס א זון, א קבצן וועט מען אין גימנאזיע לאזען.—משוגע זענט איהר? ס'קען גאר אויף דער וועלט ניט זיין... קוקט ווער ס'איז דארטען—מאגנאטען!... נאר צו וואס דארף ער אין גאנצען מלאכות? ער האט דאך נאך דעם טאטען ניט אויסגעזויגען דעם גאנצען קליאק פון די ביינער.

אסתר. שווייג נאר דארט, טאטע; אויב דו ביזט שוין אזוי וועל איך דיר זאגען, אז ניט דיין ברויט עסט ער.

אפרים (בייז). וואס?! דיינס עסט ער? איך עס אפשר אויך דיינס? ניין! איך דארף ניט! מעהר דארף איך דיינע קיין פרוטה ניט... ווי כ'האב געלעבט ביז איצט וועל איך לעבען ווייטער אויך; אפשר וועט גאט אויף מיר זיך מרחם זיין און וועט מיר צוריק אומקעהרען מיינע הענד.

רחל. ער האט שוין אנגעהויבען... און וואס זאגט זי? אודאי איז זי גערעכט. וואס, קענסט איהם ארויסטרייבען פון שטוב, וואס?

אסתר. אבער ער שטענדיג זיינס—אז זיין זון זאל זיין





א „חם“; אט דאס פערשטעה איך וואלט איהם געפעלען זיין.

רחל. ביזט א נאר, מיין קינד; מיט מיין גאנצען לעבען וואלט איך וועלען אז מיין קינד זאל זיין מיט לייטען גלייך. דערצו דארף מען אבער האבען געלד. ווען ער וואלט געווען זיצען אין בית־מדרש לערנען, וואלט ער שוין אפשר געווען טהון א שידוך... כ'וואלט שוין אפשר זוכה געוועזען ביי דעם וואס אין הימעל צו זעהן מיט מיינע אויגען אנ'אייניקעל... איצטער, א טאג נאך א טאג לויפט אריבער... א וואך נאך א וואך... גאט אין הימעל ווייסט...

אפרים. ער האט דאך עפעס דארט א „נאך שלעפעניש“ וואס שלעפט זי זיך איהם נאך? צוויי מתים געהן טאנצען... דארטען שרייט איצטער אויך—וואס מיינסטו?

רחל. אויף זיינע סאבראניעס מוז ער זיין.

אפרים (קומט ארויס אויף דער סצענע. אנגעשפארט אויף א גרויסען שטעקען. די רעכטע האנד הענגט אונטערגעבונדען אויף א טיכעל. א כאלאט אויף די אקסלען. אויף די בארוועסע פיס קאלאשען). יא, יא, די גאנצע וועלט וועט ער גליקליך מאכען.

אסתר. זאג מיר, טאטע, וואס געפעלט דיר יא?

אפרים. די וועלט מאכט איהר חרוב! אנ'איבערקעהרעניש ברענגט איהר אן; רוהען לאזט איהר ניט! (זעצט זיך ביים צווייטען ברעג טיש אנטקעגען אסתר'ן).

אסתר. ווער לאזט דיר נישט רוהען?

אפרים (שאקעלט מיט'ן קאפ). ווער ס'לאזט מיר ניט רוהען א—א—א... ווער בעט אייך?...

רחל. ער וועט נאך חלילה אין טורמע פערפאלען ווערען. מען טאר נאך ניט רעדען, וועה איז מיר.

אסתר (אין אפרים'ס זייט). זיי ווילען העלפען אזוינע אומגליקליכע אט ווי דו.

אפרים (מיט א ביטערען שמייכעל). „אזוינע אומגליקליכע ווי דו“ הא—הא. זיי קאנען מיר העלפען? וואס, מיינע געזונדע הענד וועלען זיי מיר צוריק געבען?

אסתר. מיט דיר איז ניטא וואס צו רעדען.

אפרים (געהט אום). יא, יא... מיט'ן טאטען קאן מען ניט

רעדען ... וואָס פֿערשטעהט אַ טאַטע? (צו רחלען). ווילסט שוין היי-
צען אין אויווען?

רחל. אַודאי. גיעה לעג זיך. ס'איז דען ניט בעסער דיר
צו ליגען?

אפרים. כ'האָב שוין קיין זייטען ניט. כ'מאַך דען צו מיט
אַנ'אויג די גאַנצע נאַכט?

אסתר. דאַגה'סט פֿאַר דער וועלט.

אפרים. כ'פֿאַרשפּאָר דאַגה'ן פֿאַר דער וועלט. עס סטייען
מיר מיינע אייגענע צרות.

אסתר. פֿאַר וואָס איך האָב קיין תּונה ניט; וואָס נחום
זיצט נאָך אַ בחור.

רחל. וואָס מיינסטו טאָכטערשי — ס'אַקליינע זאָרג? דער
מוח טריקענט אין קאָפּ!

אפרים. זיי ווייסען זעהר אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט זיי
זענען.

אסתר (אויפגערעגט). כ'בעט אייך ניט איהר זאָלט דאַגה'ן
פֿאַר מיר און ניט איהר זאָל ניט שלאָפֿען צוליב מיר. לאָזט
מיר צו רוה!

רחל. ווער זאָל דאַגה'ן אויב ניט מיר?

אסתר. אַפֿילע האָט איהר מיר אָנגעהאָלפֿען מיט אייער
קרעכצעריי דאָ. (מען קלאַפּט).

אפרים. דער תּכשיט... געהט עפֿענט איהם דאָרט.

אסתר (געהט ארויס עפענען די טהיר).

אפרים. ס'איז ניט געהערט געוואָרען אין דער האַלבער
וועלט, אַז דריי אַ זייגער, נאַכט אין נאַכט, זאָל מען זיך אַראָב-
לאָזען אַהיים.

נחום (קומט אַריין. אַ מיטעלע וואוקס. אַ בלאס נערוועזעס גע-
געזיכט. מיט אַ קליין טונקעל בערדעל. טראָגט ברילען. אסתר געהט
איהם נאָך). גוט נ'אָבענד וואָס קוקט איהר מיר אַלע אַזוי אָן? איהר
האָט מיך ניט דערקענט? (וואַרפֿט פֿון זיך אַראָב זיין מאַנטעל).

אפרים. כ'האָב דיך דערקענט. (שטיל).





נחום. וואָס פֿאַר אַ משמר איז עס היינט ביי אייך? נאָך
גאָר ניט געגאַנגען שלאָפֿען?

רחל. איך בין אויפגעשטאַנען קנעטען דעם ברויט — און
זיי — ווייס איך אַליין ניט וואָס זיי זיצען. ווערסט אפֿשר געהן
עפּעס עסען?

אפרים (געהט אַריין אין צווייטען צימער, קרעכצט).

נחום (קוקט איהם נאָך). וועמען בעקלאָגט ער?

אסתר. לאָז איהם.

נחום (צו אסתר'ן). וואָס שלאָפֿסטו ניט?

אסתר. כ'בין אָנגעשפּאַרט אָן טיש אָבגעשלאָפֿען ביז
איצטער.

רחל. הער, נחום, איך וועל דיר געבען עסען און אַליין
וועל איך זיך נאָך צושפּאַרען. כ'וועל שפּעטער אַביסעל איינהייצען.

נחום. קאָנסט געהן שלאָפֿען, כ'בין ניט הונגעריג.

רחל. וואו האָסטו געגעסען?

נחום. כ'האָב געגעסען.

רחל. הערסט זיך אפֿשר צו וואָס דער טאַטע קרעכצט?

אפרים (פֿון צימער). „דער טאַטע קרעכצט", דער טאַטע איז
אַ הונד אין שטוב.

נחום (אונגעדולדיג). מאַמע, מיינע וועש זענען אין אָרדענונג?

אסתר. פֿאָהרסטו טאַקי?

רחל. וואָס, וואָס פֿאָהרען? וואָס פֿאַר אַ וועש?

אסתר. און ווען?

רחל (פֿערוואונדערט). וואָס איז עס דיר פּלוצלונג אַריין אין
קאָפּ? האָסט זיך דערשראָקען פֿאַר'ן טאַטען?

נחום. איך האָב זיך ניט דערשראָקען פֿאַר'ן טאַטען. כ'האָב
דאָ ניט וואָס צו זיצען, פֿאָהר איך.

רחל. און וואָס מיינסטו איז ערגעץ אַנדערש וואו? אומע-
דום אַלץ איין שוואַרץ יאָהר.

נחום. כ'וועל זוכען וועל איך געפֿינען.

אפרים (פֿון קאַמער). ווען ער וואָלט זוכען קאָן מען דאָ
אויך געפֿינען וואָס צו טהון. טויזענדער מענשען האָבען וואָס צו

טהון, לעבען, נאר ער אליין ... (שטיל, קיינער מערקט ניט זיין רעדען).

אסתר (אין דער שטיל). איך הייס דיר ניט פאהרען.

נחום (שווייגט).

רחל (געריהרט). לאזען זיך אין פרעמדע שטעדט—וועסט דאך דארט פון הונגער שטארבען.

נחום. גענוג מיר צו עסען נדבה=ברויט.

רחל. וואס פאר א נדבה ברויט? ווער רעדט דיר אמאל אויס חאטש איין איינציגווארט?

אפרים. זאל ער זיך פאהרען, זאל ער זיך פאהרען וואוהין זיין הארץ גלוסט איהם. א בחור פון פינף און צוואנציג יאהר—צייט אליין צו פערדינען פאר זיך.

רחל (דורך טרעהרען). אין גאטעס ווילען. פערמאך דארט דיין מויל. א מענש וואס טונקט ניט איין קיין האנד אין קאלטע וואסער — זיצט אין שטוב און מאכט אלעמען דעם טויט... וואס קערהסטו דארט די וועלט, וואס?

אפרים. אכזרים! מיין לעבען האב איך צוליעב אייך איבערגעפירט, אהן הענד בין איך געבליבען. (געהט ארויס אויף דער סצענע). ביז ווי לאנג נאך? ביז ווי לאנג וועל איך מיינע אדערען ציהען?! גענוג גענוג!

אסתר. קיינער בעט ביי דיר גאר ניט. טשעפע נאר דו קיינעם ניט. צו עסען האסטו; א וואו צו זיין.

אפרים (רייסט זי איבער). כ'ווייס, — כ'ווייס, אז איהר ווילט איך זאל מיט'ן קאפ פערלייגען. (טופעט מיט די פיס). הער דו חצופה! דיינע האר וועל איך דיר אויסרייסען אויב כ'וועל עס פון דיר נאך א מאהל הערען. (געהט אין צימער אריין).

נחום. ש-ש-ש, נאר ניט אזוינע גוואלדען. ראשית טשעפעט דיר קיינער ניט און ווידער האט קיינער פאר דיר קיין מורא ניט, איהר האט געהערט קולות אביסעל?

רחל (בעט זיך). לאזט איהם קינדער, לאזט איהם — ער איז דאך משוגע געווארען.

נחום. ווער האט מורא פאר איהם. טאנצט ניט וויסענדיג וואס... האב איך וועש?





רחל. נאך וואס פאהרסטו?

אסתר (וויינט). זאל ער מיר זאגען פאר וואס מאכט ער מיר שטענדיג מיט דער בלאטע צו גלייך? פאר וועלכע מעשים סטראשעט ער מיר שטענדיג, אז ער וועט מיר די האר אויסרייסען? שוין אכט יאהר אז איך ארבייט ווי א פערד, פערדין מעהר פון איהם און ער—זייניגעס, אז ער קארמעט מיר... אויב אזוי פאהר איך אויך אוועק פון דאנען; וועלען מיר זעהן צו דיר וועט בעסער ווערען.

רחל. אבער האט רחמנות אויף מיר— ניט טענה'ט מיט איהם.

אפרים (בעווייזט זיך אין טיהר). מיינע יסורים רעדען אין מיר. די גאל פלאצט מיר צוקוקענדיג זיך וואס ער טהוט זיך אב אין מיין שטוב. (שוואכער). א „שונא" איז זיי זייער טאטע מיינען זיי. שלעכץ ווינשט ער זיי — מיינען זיי. (צו אסתר'ן). יעדער איינציגע פרוטה וואס איך נעהם ביי דיר שטעכט מיר אין הארצען ווי מיט א מעסער... כ'קאן ביי נאכט מיט קיין אויג ניט פערמאכען טראכטענדיג וואס פון אייך וועט ווערען...

אסתר. קיינער בעט דיך ניט דו זאלסט דאגה'ן פאר אונזערט וועגען.

אפרים. ווער זאל דאגה'ן אויב ניט איך? — אכט יאהר אז זי מאכט קארסעטען און אפילו קיין צובראכענעם שילליניג האט זי ניט — האט קיין העמד אויף דאס לייב ניט. און יענער דאגה'ט פאר דער וועלט... פאר אלעמען; די גאנצע וועלט מיט א מאל וויל ער גליקליך מאכען!

נחום. אפשר וועסטו מאמע בעטען ער זאל געהן שלאפען אדער, לכל הפחות, זאל ער שווייגען די פאר שעה ביז כ'וועל אוועק פאהרען?

רחל (טהוט א מאך מיט'ן האנד און געהט אריין אין צווייטען צימער).

אפרים. „אין צוויי שעה ארום פאהרט ער אוועק", (צו אסתר'ן). האסט איהם שוין אנגעגרייט עטליכע רובל?

אסתר. דו וועסט איהם ניט געבען.

אפרים. (צו אסתר'ן) וואָס וועט זײַן דײַן סוף, זאָג? זאָג וואָס וועט ווערען פֿון דיר אויב דו אַלײַן ווערסט פֿאַר זיך ניט זאָרגען? (נחום געהט אַרויס אויף דער גאַס). ביז ווי לאַנג וועסטו זיצען אַ מויד זאָג? דײַנע צעפּ וועלען דיר ווײַס ווערען, ווער וועט וועלען אויף דיר אַפּילו אַ קוק טהון?... וואָס וועסטו מאַכען אָהן געלד? — יעדער נבזה בעט געלד...

רחל. (פֿון צימער). דאָס זאָג איך אויך.

אפרים. וואָס זענען בײַ זײַ טאַטע מאַמע... (געהט צום פֿענסטער און קוקט אַרויס אין דער פֿינסטערניש). שולדיג איז זי. ווען זי וואָלט איהם ניט געגעבען אויף דער הוצאה וואָלט ער געמוזט האָרעווען אָדער ער וואָלט האָטש, לכל הפחות, ניט געווען אַזוי אַרײַנגעטהון אין זײַנע הבלים. אַז ער איז נאָך געווען אַ קלײַנער בין איך געווען מחויב איהם צו קאָרמענען— אָבער איצטער... אַזוינע קינדער דאַרפֿען שוין מפרנס זײַן טאַטע מאַמע.

רחל. איך פֿאַרלאַנג עס חלילה ניט פֿון זײַ.

אפרים. און פֿאַר וואָס טאַקי ניט? אַז גאָט האָט מיך געשטראָפֿט, איך בין אָהן הענד געבליבען — צו איז עס אַ תכלית קנעטען דײַזשעס צו די עלטערע יאָהרען? נאָך וואָס האָדעוועט מען קינדער אויב זײַ זאָלען ניט אונטער שטיצען צו די עלטערע יאָהרען?

אסתר (ערענסט). איך אַרבײַט פֿאַר נחום'ען.

אפרים. און ער אַלײַן?

אסתר. איהר פֿערשטעהט זעהר אַ סך ווער אײַער קינד איז.

נחום (קומט אריין). נו וואָס, איהר וועט שוין אויפֿהערען? ס'קאָן שוין זײַן גענוג... (שלעפּט ארויס א טשעמאָדאן פֿון אונטער'ן שלאָף באנק). זי וויל זײַ צו דער עלטער אַנ'אַנדער קאָפּ אויף די פּלײַצעס אַרויפֿזעצען... כ'ווײַס צי מײַנע זאַכען וועלען אַרײַן...

אסתר. געוויס ניט אַרײַן.

רחל (קומט אריין שטעלט זיך אין מיטען שטוב). נו וואָס, דו פֿאָהרסט טאַקי?





נחום. זעהסט דאָך.

רחל. וואָס האָסטו מיר פֿריהער ניט געזאָגט?

נחום. טאָ וואָס וואָלט געווען?

רחל. וואָלט איך וואָס צוגעגרייט פֿאַר דיר, כ'וואָלט וואָס אָבגעבאַקען בײַם ברויט אין וועג אַרײַן צו נעהמען (נאָך אַ קורצען שווייגען, מיט א שוואַכע שטימע). זאָג, וואוהין פֿאָהרסטו?

נחום. כ'ווײַס ניט וואוהין איך פֿאָהר.

רחל (קוקט איהם גלייך אין פנים). וואָס הײַסט דו ווײַסט ניט וואוהין דו פֿאָהרסט?

נחום. דער עקר וואָס כ'פֿאָהר פֿון דאַנען אַוועק.

רחל. וואַרום, וואָס פֿעהלט דיר דאָ?

נחום (ענטפֿערט ניט. פּאָרעט זיך אין טשאַמאַדאַן).

רחל (צו אסתר'ן). דו האָסט דאָך געוואוסט אַז ער פֿאָהרט אַוועק, וואָס האָסטו גאָר ניט געזאָגט?

נחום (אין כעס). וואָס האָב איך אײַך פֿאַר אַ מעשיות צו דערצעהלען?! פֿרעגען בײַ אײַך עצות? איך דאַרף פֿאָהרען, פֿאָהר איך!

אפרים (פֿון צימער). טענה מיט זײַ, טענה — זײַ וועלען דיר נאָך אויסקאַטשען אויך.

רחל (קעהרט זיך אָב). אַ פֿאַלשע וועלט, וועה איז מיר, נאַריש, פֿאַלש... מען מאַכט זיך עס אַלײַן דעם טויט פֿאַר קינדער... די אויגען אויסגעקלאָגט (געהט צום אויוועו). וואָס איז מײַן גאַנץ מאַטערען זיך אויף דער וועלט אויב ניט צוליעב די שטיקלעך קינדער?... פֿאַר וועמען קנעט איך די דײַזשעס מיט מײַנע לעצטע כחות אויב ניט צוליעב די קינדער?... דער טאַטע ליגט אָהן הענד (וויינט).

נחום (געהט אום איבער'ן צימער אופגערעגט).

אפרים. ווי די הינט האָב איך זײַ געדאַרפֿט אַרויסטרײַבען, וואָלטען זײַ איצטער ניט הענגען איבער מײַן קאַרק.

נחום. ווער האָט דיר געבעטען פֿריהער האָבען קינדער און צו טרײַבען זײַ דערנאָך ווי הינט פֿון שטוב אַרויס?

אסתר. וואַרום וועמען קאָרמעט ער?

אפרים (קומט אַריין). מערדער! זעהט, ווער האָט עס מיר געמאַכט, האַ?! (בעוויזט זיין צובראָכענע האַנד). צוליעב וועמען לייד איך אַזעלכע צרות? ווי פּיאַווקעס האָט איהר מיר מיין בלוט אויסגעזויגען! אַ פינף און צוואַנציג יאָהריגער בחור — וואָס העננסטו אויף מיין האַלז?! כ'האָב קיין כח ניט! גענוג!

רחל (צו אפרים). בערוהיג זיך; וואָס נעהמסטו זיך אַזוי דעם לעבען?

אפרים. וואָס הייסט?! ווי קען איך צוזעהן און שווייגען? די גאַל פּלאַצט אין מיר! כ'קען ניט צוזעהן וואָס ביי מיר אין שטוב טהוט זיך אָב... צו דאָס איז מיין סוף? אַזוי איז מיין סוף צו די עלטערע יאָהרען?... כ'האָב געהאָרעוועט דעם גאַנצען לעבען אויף זיי... אָהן כחות געבליבען און איצטער זאָל איך אַזוינס אָנקוקען... פאַר קיין פאַל ניט! ממזרים! כל זמן איך לעב...

רחל. אפרים! ביזט משוגע געוואָרען?...

אפרים. כ'בין ניט משוגע געוואָרען... די יסורים מיינע דערדען אין מיר.

אסתר. אויב דו וועסט אַזוי קערען די וועלט, פאָהר איך אויך אַוועק פון דאַנען.

אפרים. געהט זיך! געהט!... כ'בעדאַרף אייך ניט. זאָל זיך מיר דוכטען אַז כ'האָב גאָר קיין מאָל קיין קינדער ניט געהאַט... אויב אַזוינע קינדער, איז שוין בעסער גלייכער גאָר ניט... פאָהרט אייך! גענוג!

רחל, אפרים!...

אפרים (געהט אריין אין צימער).

אסתר. טרייב מיר ניט. כ'עס ניט דיינס... פאַר דירה בעצאָהל איך אויך.

רחל. ווער בעט ביי אייך חשבונות?...

אפרים. געהט אייך, געהט... איהר זאָלט נאָר צוריק ניט קומען.

נחום (זעצט זיך ביים טיש אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענד).





אסתר. שרייַק זיך ניט, ער וועט צוריק צו דיר ניט קומען.

אפרים. „ער וועט צוריק צו דיר ניט קומען". מען וועט איהם פון הימעל פאַלען! פאַר דער גאַנצער וועלט דאַגה'ט עס, נאָר ניט פאַר זיך... קיין העמד האָט עס ניט אויפ'ן לייב... פון זינען געה איך אַראָב בעטראַכטענדיג וואָס ביי מיר אין שטוב טהוט זיך... ער זעהט דער טאַטע איז קראַנק, אַ גוסס, אָהן הענד, געהט אויס—און ער זאָרגט פאַר דער וועלט... ס'איז גאָר ניט צו גלויבען אַז מען זאָל עס וועמען דערצעהלען... ער פאָהרט... וואָס וועט ער דאָרט טהון? אַ שטריק זאָל ער נעהמען און הענגען זיך דאָרטען...

רחל. כ'וויים אַז דו וואָלסט עס וועלען.

אפרים. מיר איז סיי ווי אַליץ איינס. איידער אַזוינע קינדער — גלייכער גאָר ניט. כ'בעדאַרף גאָר ניט, כ'וועל פאַרקויפען די שטוב, דעם שטאַל און כ'וועל ווי ס'איז לעבען. כ'וועל זיצען אין בית מדרש אונטער'ן אויווען און תהילים זאָגען. איהר האָט מיר דערקירצט מיינע יאָהרען. סיי ווי וועל איך שוין לאַנג ניט אָנציהען...

רחל. אָפשר פינפציג מאָהל האָב איך שוין געהערט די חכמה.

אפרים. דאָס וואַסער גרייכט מיר שוין ביז'ן האַלז!

נחום (געהט אום אויפגערעגט).

רחל (וויינט). פאַרוואָס האָב איך עס אַזוי פערזינדיגט ביי גאָט?... פאַר וואָס שטראָפט עס מיר גאָט אַזוי? ווע איז מיר... איין זאַך איז מיר געבליעבען; אָנבינדען אַ שטיין אויפ'ן האַלז און אַריינוואַרפען זיך פון בריק אין וואַסער אַריין... אַ קללה פון גאָט ליגט אויף מיין שטוב... אַ קללה פון גאָט. (אַ דריקענדע פויזע).

אסתר. ווער שטערט אייך אייער רוה? וואָס קעהרט איהר די וועלט ניט ווייסענדיג פאַר וואָס און פאַר ווען?... ווער טשעפּעט אייך? ווער נעהמט ביי אייך?... קיינער בעדאַרף ניט אייערס... כ'קען שוין ניט צוהערען... ער טרייבט מיר פון שטוב...

ער ו״עט מיר די האר פון קאפ אויסרייסען ... פאר וואס?.. צו ווייסט ער וואס ער רעדט?... פאר וועמען הארעווע איך פון פריה ביז נאכט? ער האט צוּבראָכען א האנד — וועמען מאכט ער שולדיג? זי קנעט די דייזשעס... איך בלענד מיר מיינע אויגען ביי די קאָרסעטען — און ער זיצט אין שטוב און פערביטערט דאָס לעבען... (שטיל).

נחום (בלייבט שטעהן אנטקעגען טיהר פון צימער). ביזט געועלט טאטע... יא, יא ביזט נערעלט... עלטערע קינדער דארפען ניט הענגען ביי טאטע מאמע אויפ'ן קארג... (מאכט מיט'ן האנד) ביזט גערעלט... ביזט גערעלט...

פאָרהאנג.





צווייטער אקט.

### א סאַלקע אין אַ פאָרשטאָדט.

אַרום די ווענד שטעהן דריי אייזערנע בעטען. אין מיטען צימער אַ רונדער טישעל. אויפ'ן טיש ברענט אַ לאָמפ מיט אַ ווייסען אַבאַזשור. אויף די ווענט, ערטערווייז, הענגען בגדים. אָנפאַנג חשון, אין אָבענד.



**גאָלדע** (אַ בלאָנדינקע פון אַ יאָהר 24 זיצט ביים טיש און נעהט מיט פלייס אַ לאַנגע ווייסע. הויבט זיך אויף: געהט דורך אַ פּאָר מאָל דורכ'ן צימער. רעכענט וואָס, פריהער אויסוועניג, נאָכהער מיט אַ בלייַ־שטיפט אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער. זעצט זיך צוריק צו איהר אַרבייט. ס'הערען זיך טריט הינטער'ן טהיר. זי הערט זיך צו).

**נחום** (קומט אַריין). גוט נ'אָבענד. (בלייבט שטעהן נעבען פענסטער).

**גאָלדע**. פריה געקומען. ס'איז גאָר ניט געווען קיין פער־זאַמלונג?

**נחום** (שוואַך). ס'איז יאָ געווען (אין אַ ווײַלע אַרום). די מיידעל איז שוין אַוועקגעגאַנגען?

**גאָלדע**. זי איז אַוועקגעגאַנגען (אין אַ ווײַלע אַרום). וואָס ביזטו עפּעס אויפגערעגט? ס'האָט וואָס געטראָפען דאָרט?

**נחום** (שווייגט).

**גאָלדע** (זוכט אויפ'ן טיש). אַ בריעף איז פון דײַנעטוועגען אָנגעקומען—אָט איז ער (דערלאַנגט איהם).

**נחום**. פאַר מיר? פון וואַנען? וואָס שרײַבט מען מיר? (נעהמט דעם בריעף אָהן חשק).

**גאָלדע** (שמייכעלט). פון וואַנען זאָל איך וויסען וואָס מען שרײַבט דיר? וואָס איז מיט דיר הײַנט?

נחום (לעזט דעם בריעף פֿערוואונדערט). די שוועסטער...
אסתר קומט צו פֿאָהרען!

גאַלדע. דיין שוועסטער? היינט?

נחום (קוקט אין בריוועל אריין). זי קומט; היינט נאָך, ווייזט אויס קומט זי.

גאַלדע. נאָך וואָס, שרייבט זי ניט?

נחום. דאָס איז עפּעס ניט אומזיסט. ס'האָט וואָס געטראָפֿען אין דער היים.

גאַלדע. אין בריעף איז גאָר ניט דערמאָנט, וואָס זי קומט?

נחום. אָט שרייבט זי (לעזט): „איך האָב בעשטעטיגט נאָך מאָרגען אַרויסצופֿאָהרען. כ'פֿאָהר מאָרגען אַרויס" (טראַכט אַ ווײַלע זוכט אין די קעשענעס). וואָס קאָן איצטער זיין דער זייגער — ניטאָ קיין זייגער... זי קומט מיט'ן צוג, יאָ זי איז שוין געווים אויפֿ'ן וואָקזאַל.

גאַלדע. רעכענסט איהר געהן בעגעגנען?

נחום. כ'וואָלט וויסען געווים אַז כ'וועל זיך מיט איהר טרעפֿען וואָלט איך געגאַנגען.

גאַלדע. זי מוז דאָך האָבען דיין אַדרעס; זי וועט מסתּמא טרעפֿען (שטיל).

נחום (לעזט נאָך אַ מאָל פֿאַר זיך דאָס בריוועל). וואָס קענן זי עס פּלוצלינג איצטער קומען?

גאַלדע. וואָס ביזטו אַזוי צורודערט? אָט וועסטו באַלד האָבען אַ גאַסט... זי מוז זיין אַ „מענש" די שוועסטער דיינע.

נחום. נו, נו.

גאַלדע. אפשר איז דיר ניט אַנגענעהם צו טרעפֿען זיך מיט איהר דאָ ביי מיר אין שטוב?

נחום (אַביסעל ווי פֿערשעמט). וואָס הייסט?

גאַלדע. אַזוי זיך; ס'איז ניט אַנגענעהם...

נחום (שווייגט).

גאַלדע (שפּאַרט אין איהם איהרע אויגען). זאָג, נחום, שעם זיך ניט פֿאַר מיר — ס'איז דיר ניט אַנגענעהם?

נחום. אַלעם איינס...





גאַלדע. פֿון דעסטוועגען בעטראַכט זיך, אויב...

נחום (אַביסעל אויפֿגערעגט). ניט דאָס אין גאַנצען.

גאַלדע (אומרוהיגלעך). כ'פֿערשטעה ניט, נחום.

נחום (שווייגט).

גאַלדע. ס'איז דיר דאָ ענג מיט מיר?..

נחום (פֿעסטער). ס'איז גאָר עפּעס אַנדערש. ניט אַלץ איז גרינג אַרויסצורעדען... ס'קומט אַ מאָל אויס ניט ווילענדיג צו שווייגען.

גאַלדע (ווי זי וואָלט וואָס שפּירען). אַדרבה, פֿאַר מיר מעגסטו אַלץ רעדען. פֿאַר מיר האָסטו גאָר ניט וואָס צו בעהאַלטען...

נחום (קוקט ניט אין גאָלדעס זייט). פֿערקעהרט, מיר איז דאָ ניט ענג מיט דיר צוזאַמען.. ניין כ'וועל עס קיין מאָהל ניט זאָגען... מיר פֿערדריסט מעהר ניט אויף איין זאַך — אויף זיך אַליין פֿערדריסט מיר... גלייך ווי מיר האָבען זיך בעקאַנט האָב איך דיר פֿערגעסען צו זאָגען עטליכע ווערטער — מעהר ניט ווי אַ פּאָר ווערטער...

גאַלדע. האָסט גאָר ניט פֿערשטעטיגט; קענסט נאָך איצטער אויך זאָגען.

נחום (רעגט זיך, רייסט, ניט שפּירענדיג דעם בריעף אויף שטיקלעך). כ'האָב פֿערגעסען דיר צו זאָגען אַז מיין איצטיגער בעציהונג צו דיר האָט קיין שום שייכות ניט מיט מיין צוקונפֿט... כ'מיין ניט חלילה אַז איך און דו... ניין, דאָס לעבען צווינגט.. מיט געוואַלד צווינגט עס.

גאַלדע (שטעלט זיך). וואָס עפּעס פּלוצלינג האָסטו גענומען פֿילאָזאָפֿירען... צוקונפֿט... צוקונפֿט...

נחום. זאָל איך גאָר ניט קלערען איבער מיין צוקונפֿט?

גאַלדע (מיט אַ געמאַכטע פֿעסטקייט). דאָס האָט מיט דעם גאָר ניט וואָס צו זאָגען... איך שעץ דיך... איך, פֿערשטעהסט, ניט מעהר ווייל מיר אַרבייטען אין איינעם... פֿאַר איין אידיאַל... ניט נאָר פֿאַר מיינער אָדער פֿאַר דיין צוקונפֿט אַליין...

נחום. האָסט פֿערגעסען וואָס דו האָסט מיט אַ מאָנאַט צוריק גערעדט.

גאלדע. כ'האָב גערעדט... ס'איז געווען נאַרישקייטען... כ'האָב קיין מאָהל אין מיין אייגענעם לעבען... אין מיין פּריוואַטען לעבען... ניין, מיר איז געווען טייער דאָס וואָס כ'האָב געפֿונען אַ חבר אין לעבען מיט וועמען אין איינעם צו קעמפֿען...

נחום (זיין שטימע ציטערט). ווייסט ניט וואָס כ'לעב איבער. וואָס ביי מיר אין האַרצען איז.

גאלדע. איך וויל גאָר ניט טראַכטען וועגען מיין פּריוואַטען לעבען. ווען כ'האָב אַ מאָהל געפּלוידערט וואָס... דאָס איז געווען מעהר ניט אַ שפּיעלכעל אויף אַ סעקונדע...

נחום (נאָך אַ קורצען שווייגען). כ'האָב צופּיעל מקריב געווען מיין לעבען... (שטייפֿער). פֿאַר פֿרעמדע וועגען האָב איך מיין גאַנץ לעבען געאָפּפֿערט.

גאלדע (פֿערוואונדערט). כ'פֿערשטעה דיך ניט.

נחום. דאָס גאַנצע לעבען מיינס, מיין האַרץ מיט מיין נשמה אין איינעם האָב איך אַוועקגעגעבען... כ'בין שוין באַלד זעקס און צוואַנציג יאָהר אַלט... אַלץ—אַלץ אַוועקגעגעבען!...

גאלדע (בלאַס). כ'האָב געשפּירט וואָס... כ'האָב די לעצטע צייט געמערקט וואָס אויף דיין פּנים... נאָר דאָס... (פֿעסט) פֿאָלג מיר, נחום — פֿערגעס, אַלץ פֿערגעס... דאָס איז עפּעס מעהר ניט ווי אַן'אַנדרוק אויף אַ מינוט... פֿערגעס!..

נחום. איך קאָן ניט פֿערגעסען. צופּיעל דערמאָנט מען עס מיר.

גאלדע. וואָס הייסט?

נחום. געוויס דערמאָנט מען מיר... כ'פֿערלאַנג ניט מען זאָל מיר פֿאַר מיין אַרבייט צאָהלען מיט כבוד. — ניין, ניט דאָס פֿערלאַנג איך... נאָר מען זאָל מיר פֿערשטעהן... פֿיהלען מיין... כ'האָב דאָס רעכט צו פֿאָדערען... כ'האָב דאָס רעכט...

גאלדע (רייסט איהם איבער). יעדער בעזונדער פֿערשטעהט דיר און...

נחום (רעגט זיך). אַ טעות! פֿאָלג מיר אַ טעות... דום





הייט גרויסע... כ'האָב מיר אַליין אויסגעלאַכט. דעם גאַנצען לעבען מיינעם שטרייט איך מיט די פּאַראַזיטען... מיט די מענשען פּרעסער... און היינט... האָב איך זיך דערוואוסט אַז איך אַליין בין ניט מעהר ווי „אַ פּאַראַזיט"... אַז איך אַליין בין אַ „גאָר-נישט", — אויף יענעם'ס חשבון פּיטער איך זיך.

גאלדע. קיינער זאָגט עס ניט

נחום (מאַכט מיט'ן האַנד). מעהר אַרבייטען — קאָן איך ניט! (געהט אום).

גאלדע. וואָס איז געשעהן אַזוינ'ס?

נחום (רעדט צו זיך אַליין). אַלץ געשליידערט... אַלץ געוואָרפֿען... אַלץ פֿערגעסען... כ'האָב פֿערגעסען אַז איך בין אַליין אַ שטיקעל מענש... כ'האָב דאָס רעכט וועגען זיך אויך צוטראַכטען... פּלוצלינג דערמאָנט מען מיר אַז איך לעב אויף זייער רעכנונג... זיי ליידען... זיי הונגערען... ציהען די אָדערען... און די אינטעליגענטען לעבען אַ וואוילען טאָג פֿאַר זייער שווייס...

גאלדע. און אַז עפּעס אַ אידיאָט האָט געזאָגט... (עס קומען אַריין חיים, זלמן, יצחק און שרה. בעגריסען זיך מיט גאָלדען).

נחום (שטעהט ביים פֿענסטער דער קאָפּ אַראָבגעלאָזען).

שרה (צו גאָלדען). פֿאַר וואָס ביזטו היינט ניט געקומען אויף דער פֿערזאַמלונג?

גאלדע. כ'האָב ניט געהאַט קיין צייט.

חיים (צו נחום'ען) אָט איז ער דער יחסן. וואָס ביזטו אַנטלאָפֿען געוואָרען?

יצחק. אונזערע אינטעליגענטען פֿעהלט נאָך אַביסעל ערציהונג.

זלמן. פֿאַרמאַך דיין מויל וועט זיין פֿיעל גלייכער.

חיים (בייז). יצחק! אויב דו וועסט מיט גוטען ניט שווייגען וועט מען דיר מיט געוואַלד...

יצחק. דאָס מויל פֿערמאַכען?

גאלדע (פֿיהרט אָב אָן אַזייט שרה'ן און זיי סוד'ן זיך).

זלמן (זעצט זיך). וואָס פֿאַר אַ טומעל עס זאָל ניט ווערען אין גרופּע איז שטענדיג יצחק שולדיג...

יצחק (שפּאַצירט אום). איהר פֿערשטעהט זעהר אַ פּולע. אַלע פֿערשטעהט איהר... מען טאָהר קיין וואָרט ניט אויסרעדען... אַרום געהן מיט פֿערמאַכטע אויגען .. כ'בעדאַרף איבער זיך קיין נאַטשאַלניקעס ניט האָבען.

זלמן. אָבער ווער ביזטו פֿאַר אַ „איינער" זאָג?

חיים. איך וועל אַלע מיינע כחות אָנווענדען מען זאָל איהם אויסשליסען פֿון דער אָרגאַניזאַציע...

יצחק. מיט אַזאַ סטראַשוניק וועט איהר מיר מיין מויל ניט פֿערשליסען...

שׂרה. כ'זאָג אַז אַלע מחלוקת'ן קומט אַרויס פֿון איהם.

יצחק. איהר קענט זיך מיר אויסשליסען, אויסמעקען... דאָס מויל וועט איהר מיר ניט פֿערמאַכען... כ'בין אַ פּראָסטער אָהן שפּיצען ווי אייערע... אַז כ'זעה אַנ'עולה —, זאָג איך — קיינע עוולות פֿערטראָג איך ניט!

גאָלדע (שפּאַרט אויף יצחק'ן איהר בליק). למשל, זאָג.

יצחק. „למשל" זיי ווייסען וואָס איך וויל... צוליעב דעם איז נחום היינט ענטלאָפֿען געוואָרען פֿון דער פֿערזאַמלונג. ניטאָ ביי מיר קיינע יחסנים!

נחום (געהט אום איבער'ן צימער, ווי ער וואָלט גאָר ניט הערען וואָס מען רעדט).

גאָלדע (ווענדט זיך צו שׂרה). זאָג, וואָס איז געשעהן?

יצחק. איך...

חיים (רייסט איהם איבער). „איך". וואָס פֿאַר אַ „איך" ביזטו עפּעס?! האָסט קיין שום דעה ניט — אַ פּראָסטער חם ביזטו!...

יצחק (ווענדט זיך קאַלט צו אַלעמען). איהר האָט געהערט? זאָגט, איהר האָט געהערט נאָר וואָס?.. (בעווייזט אויף חיים'ן). אָט געגען וועמען איך שטרייט... מיט אַלע מיינע כחות וועל איך קעמפּפֿען אַז דאָס זאָל ניט זיין ביי אונז... כל זמן מיר וועלען הערען פֿון אונזערע נאַטשאַלניקעס אַזוינע ווערטער, קענען מיר ניט געהן מיט זיי האַנד ביי האַנד!..





חיים. ווייל דו ביזט אַ „חם"; אַ „אידיאָט" ביזטו.

יצחק. כ'האָב אויף דיר קיין פֿערדרוס ניט...

נחום (בלייבט שטעהן אין מיט'ן צימער). איך בין שוין דער־נאַנגען פֿאַר וועמען איך ברענג קרבנות.

שׂרה. דאָס קען איך אויך ניט פֿערטראָגען. צעהן־מאָל אַ טאָג הער איך פֿון אונזערע אינטעליגענטען אַז דאָס גאַנצע לע־בען זייערס זענען זיי מקריב פֿאַר אונז... כ'האָב עס פֿיינד.

יצחק (צו זיך). מען טאָהר ניט זאָגען אַז די אינטעליגענטען לעבען אויף דעם רעכנונג פֿון...

חיים (בייז). ליגען זאָגסטו!

יצחק. אמת זאָג איך! (קלאַפּט זיך אויפ'ן האַנד). איך שעץ נאָר אַזוינע, וועלכע האָבען מאָזאָליעס אויף די הענד פֿון אַרבייטען... זיי שעץ איך! כ'וויל ניט אַז ביי אונז זאָלען פֿאַרנעהמען ערטער „רב חאַצקעלע" מיט אַ „רב פֿייוועלע" — אַלע זענען גלייך! אייגע יחסנים! ווער עס קענען ניט שטעהן מיט אונז אין איין שורה זאָל געהן! (שטיל אַ ווײַלע).

זלמן (בעזאַכט). איך האָב אויך מאַזאָליעס אויף די הענד. פֿונדעסטוועגען ווייס איך ווער איך בין. (צו יצחק'ן) דו וועסט אפֿשר זיין דער פֿיהרער פֿון דער אָרגאַניזאַציע?.. (צו שׂרה'ן) אפֿשר דו?

יצחק. פֿאַר וואָס ניט?!

גאָלדע. ער פֿערגעסט ווער ער איז (שמועות'ט מיט נחום'ן).

יצחק. איך פֿערגעס גאָר ניט ווער איך בין. איהר פֿער־געסט און לאָזט זיך טרעטען אויפ'ן קאָפּ... ס'איז פֿאַרהאַן ביי אונז גענוג פּראָסטע אַרבייטער וואָס זענען ביי מיר טויזענדער מאָל העכער און טייערער ווי אַלע אייערע אינטעליגענטען!

נחום (רעדט זיך אין אַ זייט צו גאָלדען נאָר מען הערט ניט וואָס ער רעדט).

גאָלדע. אָבער וואָס האָט עס אַהער פֿאַר אַ שייכות יענעם'ס רעכנונג? געלד?..

יצחק. איך וויל זיי דערמאָנען אונזערע אינטעליגענטען אַז זיי האָבען אַנ'עסק מיט מענשען — ניט מיט קיינע פּראָים.

חיים. ערגער פון פראים זענט איהר!

יצחק. מען טאהר ניט זאגען דעם אמת.

זלמן. ערשטענס נעהמען זיי ניט קיין נדבות ביי אונז... פערגעסט ניט וואס זיי גיבען אונז.

נחום (ווענדט זיך צו אלעמען). איך בין פאר אלעמען מודיע אז כ'טרעט ארויס פון דער ארגאניזאציע. ס'איז נאך ניט געקומען די צייט אז כ'זאל מיט אייך אין איינעם ארבייטען!.. איך מיט יצחק'ן זענען מיר קיין חברים ניט... (שטיל).

יצחק. אמת.

חיים (ווי צו זיך). הערען, וואס א שטיק פערד פלוידערט.

גאלדע (איהר שטימע ציטערט). נחום, דו דארפסט עס ניט טהון... (מען קלאפט אין טיהר. אלע הערען זיך צו).

זלמן (געהט צום טיהר). ווער איז דארט.

גאלדע (געהט צום טיהר פרעגט.) ווער איז דארט?

א שטימע (הינטער'ן טיהר). עפענט, עפענט...

נחום (ערוואכענד געהט צום טיהר). מיין שוועסטער!

גאלדע (עפענט). די שוועסטער, נחום!

אסתר (קומט אריין מיט א קליין פעקעלע אין האנד. זיווארפט זיך אהן ווערטער נחום'ן א'יפ'ן האלז. אלע שווייגען בלייבענדיג אויף זייערע ערטער. קוקען צו אסתר'ן און נחום'ן).

נחום (שטעלט זי פאר). דאס איז מיין שוועסטער.

אסתר (דערלאנגט יעדערען בעזונדער די האנד. מיט א שמייכעל). אלץ דאס אייגענע ווי ביי אונז: די זעלבע פנים'ער; די זעלבע אויגען... אפילו די הענד אויך די זעלביגע... (צו נחום'ן). וואס מאכסטו. מעהר ווי א יאהר ניט געזעהן זיך.

חיים. אט האסטו דיר א גאסט, נחום.

אסתר (זעצט זיך). א גאסט יא, א גאסט.

נחום. וואס מאכען זיי אין דער היים?.. די מאמע, דער טאטע... ביזט צופוס געגאנגען פון באהן?

זלמן. האסט גאר, נחום, ניט געוואוסט אז זיי קומען?

נחום. מיט א האלבע שעה צוריק האב איך דעם בריף ערהאלטען אז זי קומט. (צו אסתר'ן) דערצעהל, וואס מאכען זיי?





אסתר. כ'וועל דיר אלץ דערצעהלען. (ווענדט זיך צו די הויזלייט) וואס הערט זיך עפעס ביי אייך? (טראכט א ווייל) איהר וועט דאך ניט זיין ברגז, אז כ'וועל וואס פרעגען?

גאלדע. שטערט זיך ניט.

נחום. וואס ווילסטו פרעגען?

אסתר (מיט א שמייכעל) כ'וויל וויסען ווער זענען די אלע מענשען, וועלכע איך זעה?

יצחק. שוועסטער אייגענע און ברידער אייגענע.

אסתר. ס'איז מיר זעהר אנגענעהם.

נחום (אונרוהיג). ס'האט וואס געטראפען?

אסתר (קוקט זיך יעדער ווילע אום). ביי אונז האט מען זעהר פיעל מענשען ארעסטירט... איך אליין בין עפעס מיט א נס אנטלאפען געווארען... מיר דוכט זיך אז... כ'האב מורא אז כ'וועל זיך ניט אויסדרייען...

יצחק. לאכט דערפון, דא זענט איהר זיכער.

אסתר. כ'ווייס אליין ניט... עפעס דאס הארץ זאגט מיר אז כ'בין ארעסטירט... אז כ'בין ווי ארום'גערינגעלט פון אלע זייטען...

חיים. מיר זענען צוגעוואוינט צו אזעלכע זאכען... לאמיר געהן אהיים, קינדער. זאלען זיי זיך אויסרוהען... אויסדערציילען...

יצחק. ארבייט זיך עפעס גוט ביי אייך?

אסתר. זעהר גוט. ווען פאליציע וואלט אזוי ניט שטערען די לעצטע צייט.

חיים. נו, קומט אהיים.

שרה. איך געה.

גאלדע. איך וועל אויך געהן מיט אייך. (צו נחום'ן מיט אסתר'ן) איך קום באלד צוריק.

יצחק. מארגען וועלען מיר זיך זעהן (געזעגענט זיך מיט אסתר'ן). א גוטע נאכט.

חיים. אפולע מענשען האט מען ביי אייך ארעסטירט?

אסתר. א מאן דרייסיג.

גאלדע. אין אַ קליין שטעדטיל אַזוי פיעל מענשען אַרעסטירען!

הײם. אַ גוטע נאַכט.

גאלדע (טוהוט זיך אָן). אַ גוטע נאַכט איך קום באַלד, אויב מען וועט אונז היינט ניט אַרעסטירען וועט מען מאָרגען קומען נאָך אונז... מען דאַרף זיך ריכטען... אַ גוטע נאַכט! (זיי געהען אַלע אַרויס. אַ לאַנגע פויזע).

אסתר (שליסט צו די טהיר). כ'האָב אַזוי פיעל געהאַט וואָס צו רעדען און איך ווייס איצטער ניט פון וואָס אָנצוהייבען (געהט צום פענסטער).

נחום (טהוט איהר אויס די שליאַפּקע פון קאָפּ). דערצעהל מיר וואָס ס'הערט זיך אין דער היים? טהו אויס דיין מאַנטעלע.

אסתר (נאָך אַ קורצען שווייגען). וואָס זאָל איך דיר פערצעהלען? דאָס אומגליק אין שטוב איז אַזוי גרויס, די צרות זענען אַזוי פיעל, אַז כ'האָב גאָר ניט די מעגליכקייט דיר אויסצודערצעהלען אַלעס.

נחום. און דער טאַטע?

אסתר. דער טאַטע לאָזט ניט לעבען: פון פריה ביז נאַכט הערט ער ניט אויף צו עגבערען אין האַרצען... כ'מאַך זיך ניט הערענדיג... נאָר.

נחום. און די מאַמע וואָס מאַכט?

אסתר. די מאַמע האָט שוין קיין כח ניט צו לעבען. וואָלסט איהר גאָר ניט דערקענט — אַ הייפעל ביינער פון איהר געבליבען... קלאָגט דעם גאַנצען טאָג... דער טאַטע מיט זיין קוליע — אָהן איהר קען ער קיין טריט ניט שטעלען.

נחום. זיי באַקען נאָך ברויט?

אסתר. באַקען, וואָס כ'האָב פערדיענט האָב איך זיי אַוועק געגעבען... דאָס געלד וואָס כ'האָב דיר געשיקט מיט עטליכע וואָכען צוריק האָב איך געליהען — כ'האָב נאָך ניט אַוועקגעגעבען. (אין אַ ווײלע אַרום) אַז מען איז געפאָהרען קיין וואַרשאָ איהם מאַכען די אָפּעראַציע האָט מען פערקויפט אַלעס פון שטוב — די קישענס, די לייכטער...





נחום. מהום... מהום...

אסתר. כ'ווייס גאָר ניט וואָס איצטער וועט זיין. אויב איך זאָל ניט קענען צוריק פאָהרען אַהיים — איז שלעכט. זיי וועלען דאָרט פון הונגער אויסגעהן, דו דאַרפסט זיין דאָפּעלט שטאַרקער וואָס דו זעהסט ניט וואָס דאָרט טהוט זיך.

נחום. מען האָט בעדאַרפט ברענגען טהע... איך שעם זיך דיר צו דערציילען אַז כ'האָב קיין איין פרוטה ניט.

אסתר. כ'האָב אַביסעל געלד.. צו פערדינסטו וואָס?

נחום (שוואַך). פרעג מיר ניט, שוועסטער. בעסער פרעג ניט. (שטאַרקט זיך). וואָס זאָל איך דיר זאָגען מיין שוועסטער?.. ס'פער'גנב'עט זיך דער „צווייפעל" אין האַרצען.

אסתר. וואָס הייסט?

נחום. אַזוי... כ'האָב פאַר דיר קיין ווערטער ניט... ניט גוט אַז עס גנב'עט זיך אַריין אַ קאַלטע מחשבה אין האַרצען אַריין... שוועסטער מיינע, ס'איז ניט כדאי אַזוי פיעל צו ליידען. איך בוי הייזער פאַר יענעם און אַליין וואַלגער איך זיך אין גאַס.

אסתר (פערוואונדערט קוקט איהם גלייך אין פנים אַריין). נחום! דו זאָלסט עס זאָגען?.. פון דיר זאָל איך עס הערען?

נחום (זיין שטימע ציטערט). דאָס בלוט קיהלט זיך אָב. איך בין אַ פרעמדער צווישען די אַלע, פאַר וועמען כ'האָב מיין לעבען מקריב געווען — פרעמד! פערשטעהסט עס? איך בין גרייט אַליין, מיט מיינע הענד, צושמעטערען דאָס וואָס כ'האָב געבויט. צושמעטערען אַז מיינע אויגען זאָלען עס ניט זעהן.

אסתר. צוזאַמען אַרבייטען מיר.

נחום. אויפ'ן סוף בין איך ערשט דערגאַנגען אַז מיר זענען ניט מעהר ווי די שפּענער וואָס פאַלען בעת מען האַקט דעם וואַלד... כ'קען מעהר ניט ליידען... (שטיל).

אסתר. איך רעכען דאָ וואַרטען ביי אַ וואָך צייט און דערנאָך זאָלען מיר ביידע פאָהרען אַהיים. מיר וועלען וואַרטען אויף בריעף, זעהן וואָס מען וועט אונז שרייבען. איך גלויב אַז צוליעב עפּעס אַ שלעכטען איינדרוק רעדסטו אַזוי... איך רעכען דו זאָלסט מיט מיר פאָהרען אַהיים (פערטראַכט זיך).

נחום. (געהט אום בלאס איבער'ן צימער).

אסתר. אפשר איז פאראן אביסעל וואסער, נחום? (מען קלאפט אין טיהר).

נחום. (הערט זיך צו).

אסתר. (שפרינגט אב אונטער זיך). נחום! דאס געהט מען אונז ארעסטירען... נחום מען געהט מיך ארעסטירען... איך שפיר... (מען קלאפט).

נחום. ווער איז דארט? (אונטער'ן טיהר: „עפענט").

אסתר. מען איז מיר נאך געפאהרען... נחום... (מען קלאפט שטארקער).

נחום. (עפענט. ס'קומען אריין איינגע פאליציאנטען א דווארניק און א מענש אין ציוויל קליידער).

נחום (בלייבט שטעהן אויף זיין ארט).

אסתר (טרעט אונטער זיך ביז'ן פענסטער).

דער בעאמטער (צו די איבריגע). שטעהט ביים טיהר. (צו נחום'ן) ווי רופט מען אייך? (נעהמט פאפיר מיט א בלייסטיפט).

נחום. נחום.

דער בעאמטער. און דער פאמיליע נאמען?

נחום. גרין.

דער בעאמטער. ביזט דא פערמעלדעט?

נחום. יא.

דער בעאמטער. מיט וואס פערנעהמסטו דיך?

נחום. כ'לערען זיך.

דער בעאמטער (צו אסתר'ן). ווער זענט איהר?

אסתר. זיינע א שוועסטער.

דער בעאמטער. וואס טהוט איהר דא?

אסתר. איך בין נאר וואס געקומען זיך זעהן מיט איהם.

דער בעאמטער (שמועות'ט זיך אין דער שטיל מיט דעם ציוויל מענשען ס'פאנגט זיך אן א לאנגע אונטערזוכונג אומעדום אין גאנצען צי־מער. נאר מען געפינט גאר ניט).

נחום (צו אסתר'ן). מען ארעסטירט מיר און דער שרעקליכער מי־נוט פון מיין לעבען... איך שפיר וואס שרעקליכעס אין מיין נשמה...





דער בעאמטער (שרייבט).

אסתר. רעד קיין נארישקייטען ניט.

נחום. פינסטער אין הארצען — פינסטער און קאלט...

דער בעאמטער. וואס איז עס פאר א דריי בעטען ביי אייך?

נחום. דא וואוינען נאך צוויי נעהטארענס.

דער בעאמטער (שטעהט נאך א ווילע אין מיטען צימער, קוקט זיך ארום אין אלע זייטען, לעזט פאר כאפענדיג וואס ער האט אנ־געשריבען. צו נחום'ן און אסתר'ן). טהוט זיך אן און קומט מיט מיר. איהר זענט ביידע ארעסטירט.

אסתר (איהר קול ציטערט). אבער... איך בין דאך נאר וואס געקומען?

דער בעאמטער. כ'ווייס. שנעלער, שנעלער!..

נחום. מען האט דאך גאר ניט געפונען ביי מיר אין שטוב? (זיי טהוען זיך אן). איהר האט קיין רעכט ניט אונז צו ארעסטירען.

דער בעאמטער. דאס וועלען מיר שוין דארט זעהן, שנע־לער, שנעלער!

נחום (געהענדיג צום טיהר). אין דער שרעקליכסטער צייט פון מיין לעבען... אין דער שרעקליכסטער צייט.

דער בעאמטער (נעהמט ארויס דעם שליסעל פון טיהר). נו, געהט. (פריהער געהט ארויס איין פאליציי־מאן און נאך איהם אסתר זעהר בלאס).

נחום (בלייבט שטעהן אין טיהר). ווי אזוי וועלען דא קומען די קווארטיראנטקעס?

דער בעאמטער. געה, געה! מיר וועלען זיי שוין אליין איבערגעבען דעם שליסעל (געהן ארויס).

א פאליציימאן (קומט אריין צוריק און לאזט אראב דעם פייער פון לאמפ, געהט ארויס. ס'הערט זיך דאס סקריפען פון שליסעל אין טיהר. שטיל. דער פייער פון לאמפ טיקט זיך, טיקט זיך ביז ער ווערט אין גאנצען פערלאשען).

פארהאנג.

די דעקאָראַציע ווי אין דעם ערשטען אקט.

מוצאי שבת. אויפ'ן טיש ברענט נאָך די ליכט פון הבדלה. ביים טיש רעכטס, זיצט אפרים אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אויפ'ן האַנד. טראָגט א כאַלאַט איין אַרבּעל לעדיג... נעבען איהם שטעהט א קוליע. אויפ'ן שלאָפבאַנק זיצט אסתר, איינגעהילט אין א טוך, דאָס געזיכט איינגעפאַלען און חשך. רחל עסק'ט זיך מיט דער דייזשע צוגרייטענדיג א ראָשטשענע.

ערום כסלו.



אפרים (ניט אָבּוועגדענדי: דעם קאָפּ). וואָס זענען איוב'ס יסורים געגען מיינע? — גאָר ניט! מענשען האָבּען קינדער, מען האָדעוועט זיי אויס. מען מאַכט זיי חתונה — פיהרט צו דער חופּה... און איך, א קללה פון גאָט ליגט אויף מיר און אויף מיין שטוב. (הוסט. שפּאַרט זיך אָן אויף זיין קוליע, געהט אַרויס).

אסתר (נאָך א קורצען שווייגען). ער וועט שוין אין גאַנצען עק'ן מיינע יאָהרען. א מענש זאָל ניט צומאַכען דאָס מויל פון אין דער פריה ביז שפּעט נאַכט!... ענגבערט דאָס האַרץ, ענגבערט, ענגבערט... וואָלט איך קענען ערגעץ אַנטלויפען.

רחל. ווי קען מען זיך עס איינהאַלטען, שטומען? די גאַל קען דאָך פּלאַצען... און אַז איך שוויַיג — אָך און וועה איז צו מיר.

אסתר (רעגט זיך). טאָ וואָס ווילט איהר פון מיר?! איך קען שוין מעהר ניט אַרבּייטען; די כחות געהן מיר אויס... לאָזט מיר איינזיצען.

רחל. (קוקט זי מוטערליך אָן). נאַריש קינד. ווער פערלאַנגט עס פון דיר? ווי פאַלסט עס אויס צו רעדען? ביז מיינע לעצטע כחות וועל איך האָרעווען און כ'וועל אייך ניט לאָזען פאַלען.

אסתר. טאָ וואָס קרעכצט איהר? וואָס זיפצט איהר? וואָס בעקלאָגט איהר מיר מיינע יאָהרען?

רחל. ווי זאָל איך ניט קלאָגען — אַז גאָט האָט אויף מיין שטוב אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרן?.. ער איז געבליבען אָהן הענד און אָהן פיס (דורך טרערהען), דו האָסט אָבגעפוילט צוויי יאָהר אין טורמע. (בעווייזט צום צווייטען צימער). און דאָרט... (איהרע ווערטער רייסען זיך איהר אָב). ענטפער מיר, רבונו של עולם!.. (אַ שווערע שטילקייט).

אפרים (קומט אַריין. וואַשט די הענד און זאָגט שטיל „אשר יצר"). מען וואָלט שוין דאַרפען איינהייצען (צו אסתר'ן). וואָס זיצסטו נעבען פענסטער, וואָס? ס'איז דאָרט קאַלט.

אסתר. אַ קנאַפּע זאָרג.

אפרים (געהט צום טיש). אָט דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע אונגליק אַז אַליץ=דינג איז ביי אייך קיין זאָרג ניט. אַז אייך וואָלט דאַרען דער מח וואָלט איהר דאָך איצטער אין אַזאַ מצב ניט געווען.

אסתר. פערשטעהסט זעהר אַסך.

אפרים. וואָרום וואָס קען טאַקע דער טאַטע פערשטעהן? גאָר ניט. טאַטע מאַמע זענען כּלבים אין שטוב, וואָס זיי זאָגען איז נאַרישקייט...

אסתר. נישט איך פרעג ביי דיר עצות, ניט איך וויל וויסען צו דו רעדסט חכמות, צו נאַרישקייטען.

רחל. אָט דאָס איז דאָס גאַנצע אומגליק. וועה איז מיר.

אפרים. כ'האָב נאָך אַ עצה, איין שטיקעל עצה איז מיר געבליבען, אַנדערש וועל איך אָנהייבען...

אסתר (שטעלט זיך). איך וועל אַנטלויפען אַהין וואו די אויגען וועלען מיר טראָגען! לאָזט מיר לעבען! איך וויל זיך אַביסעל אויסרוהען נאָך די פינסטערע צוויי יאָהר... לאָזט מיר צו רוה — זאָל זיך אייך דוכטען אַז אַ פרעמדע זיצט ביי אייך אין





שטוב. כ'וועל אייך פאַר אַליץ=דינג בעצאָהלען — פאַר אַליץ! אַ ווילד פרעמדע זיצט ביי אייך אין שטוב — און לאָזט מיך צו רוה!..

רחל (וויינענדיג). „פרעמדע"... ווי לאָזט עס גאָר פון דיין מויל אַרויס? פאַר וועמען האָב איך אַזוי פיעל געהאָרעוועט, געמאַטערט זיך דעם גאַנצען לעבען; דעם קליע פון די ביינער אויסגעטריקענט — פאַר וועמעס וועגען?...

אריה (אַ מענש פון אַ יאָהר 45 מיט אַ געלע באָרד, קומט אַריין).

אפרים (ניט מערקענדיג אריה'ן). פערשאָלטען זאָלען ווערען פון גאָט. אָט די אַלע וואָס קלאָגען אויף קינדער — וואָס האָבען גאָר רחמנות אויף זייערע קינדער!..

אריה. גוט וואָך! ביז ווי לאַנג וועט איהר זיך אַליץ טומלען, קריגען זיך? וואָס איז דאָ געוואָרען מיט אייער שטוב?

רחל. וואָס זאָל איך טהון צו מיין אומגליק? צו דער עלטער איז מיר מיין שטוב פערפינסטערט געוואָרען. אַליץ האָט זיך איבערגעקעהרט... מיט'ן קאָפּ אַראָב און פיס אַרויף, וועה איז מיר!..

אריה (געהט צום טיש). נו, גענוג, גענוג... אויף אַפּולע וואָך וועט גאָט רחמנות האָבען (צו אסתר'ן). וואָס מאַכסטו?

אסתר (שווייגט).

אריה. ביזט ברוגז מיט מיר?

אסתר. כ'האָב אייך ניט וואָס צו ענטפערען.

אריה. דער פעטער פרעגט, וואָס דו מאַכסט — און דו ווילסט איהם גאָר ניט ענטפערען.

אסתר. כ'האָב אייך גאָר ניט וואָס צו ענטפערען.

אריה. אַליץ וועט זיין צוריק ווי געוועזען; ווייס נאָר ווי זיך אויף ווייטער צו פיהרען. דאַרפסט זיך פרעהען וואָס ביזט שוין, גאָט צו דאַנקען, ווידער אין דער היים—ווידער ביי טאַטע מאַמע...

אסתר. איך פרעה זיך.

אריה (ווענדט זיך אָב). אפשר זענט איהר גרעסערע געלערנטע — אפשר זענט איהר קליגער. — אפשר זענט איהר עלטער...

אפרים. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? כ'האָב מיר שוין

אנגעהויבען צו שרעקען—פאר זיך אליין פראסט ... פאר מיינע אייגענע ווענד שרעק איך מיר ... אז כ'הויב זיך אן צובעקלערען וואס פון מיר איז געווארען פאר די לעצטע פאר יאהר — אייזען ווען מיינע כחות זאלען זיין, שמשונ'ס כחות איך זאל האבען, וואלט איך אויך געמוזט פלאצען, פאלען פאר דער צייט!

אסתר (לעגט זיך אויפ'ן שלאפבאנק מיט'ן קאפ צום וואנד־קרעכצט).

רחל נעהם דיר א קישען, אסתר.

אסתר (שווייגט).

רחל. אסתר, נעהם דיר א קישען. (ברענגט פון צווייטען צימער א קישען, דערלאנגט איהר) נא דיר.

אסתר. כ'בעדארף קיין קישען ניט.

רחל. הויב אויף דיין קאפ. פאר וואס פערשאפסטו מיר אזוינע יסורים? פאר וואס בין איך אזוי בעשטראפט?

אסתר (ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ). וואס בעקלאגסטו מיר?— איך לעב נאך.

רחל. (ווארפט דעם קישען איהר צופוסענס. וויינט זיך שטארק פונאנדער). רבונו של עולם! נעהם ביי מיר דאס לעבען מיינס! מאך מיר דעם טוידט... פאר וואס פאר א זינד זאל איך עס אלץ אנקוקען?.. (וויינט איבערגעבויגען אויף דער דיידושע).

אסתר (הויבט אויף דעם קאפ). וואס איז?! משוגע זענט איהר געווארען? איינס איז מיר געבליבען—ווארפען זיך פון בריק אין וואסער אריין.

אריה (צו רחל'ען). וואס האסטו זיך אין אמת'ן צוויינט אויף א פולע וואך? רחל!

רחל (כליפעט).

אסתר (הויבט זיך אויף. געהט אום איבער'ן צימער). אויב אזוי וועט זיין ווייטער אויך, וועל איך מסתמא ניט לאנג אנציהען... גאר גיך וועט נעהמען אנ'עק (הוסט זיך שטארק פונאנדער).

אריה. טאקי אין אמת'ן וואס בעקלאגט איהר זיך די יאהרען?





נחום (אין צווייטען צימער, ברעכט אוים מיט א ווילדען געלעכטער).
חא—חא—חא—חא—חא—חא!

רחל. אט איז מיין גאנצער נחת! ער האט זיך שוין אויפגעכאפט.

אפרים. ער וועט מיר שוין עק'ן מיינע רעשטע יאהרען.

אריה. נעכטען איז ער דאך גאנץ רוהיג געזעסען — ווי האט ער פערבראכט די נאכט?

רחל. ווי קען איך עס גאר טהון אזא זאך! מען הייסט מיר איהם אוועקגעבען אין משוגעים הויז — וועה איז מיר! איין קינד; איין אוינ אין קאפ... וואס זאל איך טהון, וואס זאל איך מאכען?

אפרים. אזא סוף זאל אויסגעהן פון אלע אט די, וואס ווילען ניט געהן אין גלייכען וועג! ער האט געווארפען זיין טאטען א קאליקע, אהן הענד, אהן פים און איז געגאנגען רייך מאכען די גאנצע וועלט... אומזיסט שטראפט ניט גאט; גאט ווייסט וואס ער טהוט ביטער ווי דער טוידט איז מיר, אז כ'בעדארף אננעהמען פאר רעכט דאס, וואס איז אויף מיין איין און איינציגען זוהן אנגעשיקט געווארען... (פון צווייטען צימער הערט זיך שפרינגען און קלאפען און קולות: „כאפט איהם"! „כאפט איהם"!).

רחל. געה, אריה, אפשר וועסטו איהם קענען בערוהיגען.

אסתר. ער וועט ניט פאלגען (געהט צו צום טיהר). נחום, וואס איז דיר? בערוהיג זיך. לעג זיך אויפ'ן בעט און שלאף (קולות: „כאפט איהם!").

נחום (ערשיינט אויף דער סצענע, די האר צופלאנטערט, בעמערקט ניט די הויז־לייט. קוקט צו דער סטעליע, ווי ער וואלט וואס כאפען אין לופטען, שרייט): כאפט איהם! וואס שטעהט איהר און שווייגט?.. אנטלאפען געווארען אט איז ער דארטען ווייט ווייט... (כאפט אריה'ן פאר'ן ארבעל). אט איז ער! איצטער וועסטו שוין ניט אנטלויפען פון מיר (ווערט פלוצלונג רוהיג. קוקט פערוואונדערט אריה'ן אין געזיכט. לאזט אב ניט פיהלענדיג אריה'ס האנד).

אריה. האסט מיר ניט דערקענט?

רחל (מוטערליך). נחום'קע, מיין קינד, דו ווייסט ווער דאס איז?

נחום (קוקט אָן אריה'ן אונבעוועגליך, ווי ער וואָלט זיך וועלען וואָס דערמאָנען. פֿאַנגט אָן ציטערען פֿון קעלט. קוקט זיך אַרום).

אסתר. וואָס ס'איז דיר, נחום? (קושט איהם אויפ'ן שטערען). דיר איז קאַלט? אֶפשר וועסטו זיך געהן לעגען?

נחום (שוואַך). כ'וועל דאָ זײַן.

רחל. רבונו של עולם, ענטפֿער מיר.

אריה. נחום, דו ווייסט וואו דו ביזט?

נחום (קוקט איהם אָן מיט חשד). פֿאַר וואָס זאָל איך ניט וויסען וואו איך בין?

אסתר (זעצט איהם אויפ'ן שלאָף־באַנק). זיץ דאָ.

רחל. וואָס ציטערסטו אַזוי, מײַן קינד, דיר איז קאַלט?

אפרים (קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען).

נחום (ציטערט ס'קלאַפּט איהם אַ צאָהן אָן אַ צאָהן). מיר איז זעהר קאַלט.

אסתר. איך וועל דיר ברענגען דעם וואַרעמען מאַנטעל. (זי ברענגט פֿון צווייטען צימער אַ מאַנטעל און הילט איהם איין).

נחום (קוקט זיך אַרום). וואו בין איך?

רחל. בײַ אונז אין שטוב ביזטו דאָך, בײַ דײַן טאַטע מאַמע... אָט זיצט דאָרט דער טאַטע; אָט איז דער פֿעטער אריה; אָט איז דײַן שוועסטער, אסתר; פֿאַר וואָס ווייסטו ניט וואו דו ביזט?

נחום (שוואַך). וואָס טהוט איהר דאָ אַלע?

אסתר. דאָ וואוינען מיר דאָך; דאָס איז דאָך אונזער שטוב — האָסט פֿערגעסען?

נחום (קוקט זיך אַרום פֿערוואונדערט).

אפרים (געהט צו מיט זיין קוליע). דו דערקענסט גאָר ניט דײַן טאַטען? איך בין דאָך דײַן טאַטע; דײַן טאַטע אפרים...

רחל. טאַטע פֿאָטער אין הימעל! האָב רחמנות אויף מיר, אויף מײַנע אַלטע יאָהרען (ווישט מיט'ן אַרבעל די טרערען קוקט נחום'ען אין פּנים). נחום'קע, דו דערקענסט מיר ניט?

נחום (וויל אויפשטעהן). לאָזט מיר, איך וויל פֿון דאַנען אַוועק געהן. (לאָזט זיך אַראָב צוריק אין אָהנמאַכט). לאָזט מיר געהן...





וואָס ווילט איהר פֿון מיר? לאָזט! (שטאַרקט זיך). לאָזט מיר!

רחל (האַלט איהם פֿאַר ביידע הענד). וואוהין רײַסטו זיך? ביזט דאָך אין דער היים, מײַן קינד.

אסתר. דיר איז שוין ניט קאַלט?

אפרים. פֿיהרט איהם אַרײַן אין קאַמער.

רחל. זאָל ער זײַן דאָ אֶפּשר...

נחום (כאַפּט זיך פֿלוצלונג פֿאַר'ן קאָפּ מיט אַ געשריי). האַ — האַ—האַ—האַ! מײַן קאָפּ! מײַן קאָפּ!

אריה. ווער טשעפּעט דיך?

אסתר (נעהמט איהם אַרום). בערוהיג זיך; בערוהיג זיך; איך זיץ דאָך נעבען דיר.

נחום (בעהאַלט דעם פּנים ביי אסתר'ן אויפ'ן האַנד). ראַטעוועט מיר. לאָזט איהם ניט צו צו מיר. זיי ווילען מיר מײַן קאָפּ אַראָב־שנײַדען פֿון פּלײצע... לאָזט ניט, לאָזט ניט (קוקט צו דער סטעליע מיט אַ שמייכעל). אָט איז ער דער אָדלער מײַנער, אָט איז ער דאָרט. כאַפּט איהם! טויזענדער יאָהר בין איך אויף איהם געריטען (שפּרייט אויס דיינע הענד). קום צו מיר, צו מיר... ווײַט איבער די וואָלקען זענען מיר געפֿלויגען; ווײַט נעבען די הימלען זענען מיר געוועזען... שוואַרצע וואָלקען ציהען — מיר איבער זיי... ווײַסע וואָלקען פֿליהען — מיר איבער זיי (שטיל). שווײַגט. שווײַגט... ער פֿליהט ווידער צו מיר ש־ש־ש — ער פֿליהט צוריק צו מיר... גלײַך צו מיר... ווידער צום הימעל וועלען מיר זיך טראָגען... אַלע פֿינסטערע וועלטען וועלען מיר דורך־פֿליהען... ים'ן זענען מיר דורכגעפֿלויגען. פֿאַליעס טראָגען — מיר איבער זיי... אײַן פֿאַליע שלײַדערט, די אַנדערע כאַפּט אונטער, און מיר זענען איבער זיי... אין שנע איז קאַלט געוועזען... לאַנגע שטיוועל אָנגעטהון האָב איך. זענען מיר דורך די פֿינסטערע וועלדער געפֿלויגען. זענען וועלף אויפ'ן וועג אָנגעפֿלויגען. כ'בין אַ מלאך האָב איך געזאָגט. איך בין... (שטילער) איך בין דער מלאך מיכאל, רפֿאל—אין הימעל אַרײַן האָב איך געוואָלט אַרײַנפֿליהען—די וואָלקענס אַראָב־דײַסען... אויפ'ן קאָפּ איז נאָך געבליבען אַ שטיק שנע־ווײַסע

וואָלקען (בּעוויזט אויפ׳ן קאָפּ). אָט קוקט ס׳הענגט נאָך אַ שטיק וואָלקען. (הוסט).

אסתּר. בּערוהיג זיך. כ׳ווייס עס שוין; כ׳ווייס עס שוין.

נחום (קוקט אָן אסתּר׳ן מיט אַ שמייכעל). און ווער בּיזטו זאָג? בּיזטו דער מלאך גבריאל צו דער מלאך רפאל? קוקט איך בּין צווישען די וואָלקען. איך פאָהר אויף אַ גרויסען פיש (טאַפּט ארום זיך). אויף זיין רוקען זיץ איך. איהר זעהט ווי ער טראָגט מיך? פיו, פיו... וויטער ווייטער...

אפרים. טינקט איין אַ טיכעל אין קאַלטע וואַסער און פערבּינד איהם דעם קאָפּ.

אריה. דאָס איז די איינציגע עצה: נאָר אַהין...

רחל. ווי קען איך עס טהון?

אסתּר. איך וועל ניט לאָזען מען זאָל איהם נאָך אַ מאָהל אין טורמע זעצען — גענוג!

אריה. ווען כ׳וואָלט זעהן, אַז ס׳געהט צו בּעסער.

נחום (קוקט אָנגעשטרענגט צו דער סטעליע).

רחל (קוקט איהם אָן און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ). אָט דאָס איז די גאַנצע צרה. ס׳האָט זיך איהם עפּעס איין געהאַקט אין קאָפּ; איין זאַך האָט זיך איהם איינגעהאַקט. אַז ער איז איצטער אויף אַנ׳אַנדער וועלט; ער ווייסט גאָר ניט וואָס אַרום איהם טהוט זיך. כ׳האָב זיך געפרייט נעכטען... ער האָט גערעדט ווי אַ קלאָרער מענש: דערצעהלט ווי ער האָט דאָרט געלעבט, ווי מען האָט איהם געמאַטערט... כ׳האָב געמיינט אַז גאָט האָט אויף מיר רחמנות געהאַט.

אפרים. (געהט אַריין אין צווייטען צימער).

אסתּר (קוקט נאָך אפרים׳ען). ער דערקירצט נאָך מעהר די יאָהרען (די גאַנצע צייט האַלט נחום אין איין שעפּטשען, כאַפּט וואָס אין לופטען).

רחל. ווי רעדסטו עס אַזוינע ווערטער? אַזאַ עלטער אַזאַ עלטער. אויב ס׳פּלאַצט אין איהם ניט די גאַל איז ער שטאַרקער פון אייזען.

נחום (עריואַכענד). פון באַרג בּין איך אַראָבּגעפאַלען? איך





פאַל! איך פאַל! ראַטעוועט מיר... ראַטעוועט. איך פאַל אין ים אַריין... איך פאַל אין תּהום אַריין... (שרייט). איך פאַל אין תּהום אַ ריין!!

אסתּר (גלעט איהם. וויינענדיג). שריי ניט אַזוי... שריי ניט אַזוי. וועסט דאָך אָהן כּחות בּלייבּען.

נחום (שעפּטשעט). האַלט מיר צו... האַלט מיר צו...

רחל (טינקט איין אין קאַלטע וואַסער אַ טיכעל און וויל איהם פערבינדען דעם קאָפּ). לאָז, מיין אוצר, איך וועל דיר אַרום-בּינדען דעם קאָפּ.

נחום (שפּרינגט אויף פון אָרט). איך לויף, צו די בּערג וועל איך לויפען. דאָרטען וואַרט ער אויף מיר, דער אָדלער מיינער, צווישען די שוואַרצע וואָלקען זיצט ער און וואַרט אויף מיר... ער שפּרייט אויס זיינע פליגעל און ווינקט צו מיר. ער בּענגט נאָך מיר... (ווינקט). קום צו מיר! קום, איך וועל דיר גאָר ניט טהון, דו האָסט מיר בּיז׳ן אָבּגרונד אריינגעשלייידערט... שלאַנגען האָבּען מיר לעבּעדיגערהייט געוואָלט איינשלינגען און דערנאָך די פאַליעס (שנעל). איינע אויף דער אַנדערער... אויף דער אַנדערער. איינע אויף דער אַנדערער... אָט זיצט ער, דער אָדלער מיינער... רחמים בּעט ער בּיי מיר...

רחל. בּינדט איהם אַרום זיין קאָפּ ער מערקט ניט).

נחום (רעדט זעהר שנעל). געדענקסט, ווען מיר האָבּען צו דער זון געפלויגען... אויף יענער זייט וואָלקען געוועזען... אַראָבּ פון דאָרט (מאַכט מיט די הענד). פיו — פיו!

רחל. עפּעס אַנ׳אָדלער האָט זיך איהם אין מח איינגעהאַקט — וואָס פאַר אַ יסורים האָט מען איהם דאָרט אָנגעטהון (ס׳גיט אַ קלאַפּ אין פענסטער).

אריה (געהט צו צום פענסטער. קוקט זיך איין). ווער איז דאָרט? פראַים! האָבּען זיך אַרום געקליבּען אַרום פענסטער האָבּען ניט קיין בּעסערס וואָס צו זעהן... פערד שטיקער... גרויסע מענשען... אַריינגעקראָכען אין שויבּ אַריין!

רחל. וועה איז מיר, וועה איז מיר.

נחום (געהט אום איבּער׳ן צימער מאַכט מיט׳ן האַנד). אַ גרויסער שטראָם וואַסער האָט געפלייצט — אויך איבּער איהם...

ב'האָב קיין מורא ניט! פֿאַר'ן תהום — קיין מורא ניט! פֿאַר'ן לויתן — קיין מורא ניט! כ'בין פֿון פֿאַליע צו פֿאַליע געשפּרונגען... פֿון איין עק וועלט צום אַנדערען געשפּרונגען... (שפּירט פּלוצלונג די נאַסע טוך אויפ'ן קאָפּ. כאַפּט זיך מיט ביידע הענד פֿאַר'ן קאָפּ). ראַטעוועט מיר! ראַטעוועט מיר, איך טרינק זיך! איך טרינק זיך (בעט רחמים). וואָס שטעהסטו דאָרט... קום צו מיר מיין אָדלער, און נעהם מיר אויף דיינע פֿליגלען... דו שטעהסט אויפ'ן שפּיץ פֿעלזען און איך טרינק זיך... וועמען האָסטו דאָרט? דאָ בין דאָך... (קלאַפּט זיך אין הארצען). אָט בין איך דאָך... דו זעהסט ניט? (וויינט). האָסט גאָר קיין רחמנות ניט אויף מיר, האַ? האָסט מיר פֿון דיינע פֿליגעל אַראָבגעוואָרפֿען און איך טרינק זיך בּיז'ן האַלז אין וואַסער... זעה בּיז'ן האַלז אין וואַסער שטעה איך... קיינער ראַטעוועט מיר ניט... קענסט מיר ניט... איך בין דאָך עס... איך אַ יתום בין איך... איך, דער יתום, שטעהט אין וואַסער און בעט רחמים... עלענד בין איך... אַליין בין איך!.. אַ יתום בין איך!.. (לאָזט זיך אַראָב).

אסתּר (וויינט איבער איהם). וואָס שרייסטו? וואָס וויינסטו... אין שטוב בּיזטו דאָך... האָב קיין מורא ניט. אָט בין איך דאָך, דיין שוועסטער נעבען דיר...

נחום (קוקט זיך אַרום. שפּירט אַז ער זיצט אויף דער ערד. וויל זיך אויפֿהויבען און לאָזט זיך מאַכט-לאָז צוריק אַראָב). וואו בין איך?

רחל. וועה איז מיר! אָן כּח איז ער געבליבען. אַז מען בּינדט איהם אַרום דעם קאָפּ מיט קאַלטע וואַסער לאָזט עס איהם אַביסעל אָב.

אריה. קאַלטע וואַנעס דאַרף מען איהם מאַכען.

נחום (געהט לאַנגזאַם אַריין אין צווייטען צימער. אסתּר געהט איהם נאָך).

אריה. ער וועט אייך אַלעמען דאָ פֿערמאַטערען... (עס קומען אריין אין שטוב צוויי יונגע מענשען. בלייבען שטעהן ביים טיהר).

די יונגע לייט. גוט וואָך! (רחל און אריה קוקען זיי אָן).

ערשטער. אסתּר איז פֿאַרהאַן?

רחל. איך ראַט אייך קינדערלאַך איהר זאָלט בּעסער





אַוועק געהן. ס'איז מיר אַזוי אויך גענוג בּיטער... מיין מאַן וועט נאָך אַרויסגעהן...

צווייטער. מיר האָבען געדאַרפֿט זעהן אסתּר'ן.

אפרים (רייסט זיך אַרויס פֿון צימער). ווער איז דאָרט?! זיי זענען געקומען אַהער?... אַרויס! אַרויס! איהר וועט נאָך מיין שוועל אובּערטרעטען?! איהר האָט מיר... איהר האָט מיר... מיין שטוב האָט איהר מיר חרוב געמאַכט... ווי האָט איהר עס אַ העזה?! האַ?! (זיין קוליע פֿאַלט איהם אַרויס פֿון האַנד. זיינע פּיס טרייסלען זיך איהם, שרייט). זעהט וואָס איהר האָט מיר אָנגעמאַכט... אַ—רויס פֿון מיין שטוב!! אַ—ר—ויס!! גַזְ—לָנים, מער—דער! רשעים רְשָׁ—עִים!!

אסתּר (לויפֿט אַריין). טאַטע! זאָלסט ניט סמייען! טאַטע! זאָלסט ניט! קיינער וועט מיר מיין לעבען ניט... קיינער... (הוסט זיך שטאַרק פֿאַרנאַנדער מיט אַ בלוטשטורץ שרייענדיג:). קיינער וועט מיר ניט... (די יונגע לייט מאַכען זיך אַרויס פֿון שטוב).

אפרים (שטעהט אויף זיין אָרט ווי צוגעשמידט שאָקעלט זיך ווי שכּור... שעפּשעט „רש—עים... רש—עים"...).

רחל (לויפֿט צו אסתּר'ן).

פֿאָרהאַנג.